Opłata pocztowa uiszczona ryczałtem.

פרייז 20 גר. DUS LICHT ערשטער יאהרגאנג נר. 2.

# דאס ליכט

להאיר להם את הדרך — אשר ילכו בה

ערשיינט יעדען פרייטאג. ארטאדאקסיש ארגאן פאר גאליציען. ערשיינט יעדען פרייטאג.

ב"ה קראקא, פרייטאג בא ה' שבט תרצ"א. ליכט צינדען 4·02. מ צש"ק 5·21 Kraków, dn. 23 stycznia 1931.

אדרעס פון רעד. און אדמ.: קראקא מייזעלסא 4. טעל. 120·96. — Adres Red. i Adm.: Kraków, Meiselsa 4. Tel 120-96.

ב"ה.

# קול קורא!

## לאחב"י דע"י.

כבר נודע בשער בת רבים כי על שלחן מועצת חבר העמים בגענף עלתה הצעה להנהיג שנוי בלוח השנה האזרחי באופן שהשנה תחלק לשלשה עשר ירחים של כ"ח כ"ח יום ויום א' בשנה יהי' חלק, יום בלי שם אשר לא יבא במספר ימי השב"ע. מכן כי עקב השנוי הזה יעקר יום שבת קודש ממקומו הקביע לו ליום השביעי כשב"ע, אך יחיל בכל שנה ביום אחר מימי השב"ע הנהוג בלוח החדש והדבר הזה עלול להשכיח ח"ו עיקר שבת ולהב"א מבוכה גדולה ומכשולים רבים על דרכי שומרי'.

לשם ההנהגה על חמדה גנוזה זו נתיסדה עוד לפני שנים ועידה של רבנים ועסקנים שיעמדו על המשמר לקדם פני הרעה בעוד מועד, והנה הם מתייעים על הצרה והסכנה הנשקפת לקיום שבת קדשנו ומבקשים שכל ישראל יחלצו לפני ה' להגן על קדושת השבת יסוד כל תורתנו ולהביע גלוי לפני חבר העמים את התנגדותם הנמרצה אל השנוי הנזכר.

בגלל זאת הנני בזה לעורר את אחב"י כי יתנו ידם לה' וכל איש ואשה מבן עשרים שנה ומעלה יאבו לחתום על גליונות המחאה אשר יובאו לפניהם על ידי שלוחינו שהתנדבו לכתת רגליהם ולהתעסק בזה למען המצוה הרבה, אקוה כי כל אשר בשם ישראל יכונה, בלי הבדל כתה או מפלגה, יזרז לבא לעזרת ה' בגבורים ולקיים בחתמו כי הוא רוצה בתקנת השבת אבן הפנה בדת קדשנו, וכדאי הוא מצוה זו שבשבילה יבורך ישראל בכל ברכאן דלעילא ולתתא.

כעתירת הבעה"ח פק"ק קראקא יצ"ו.

בחדש שבט תרצ"א לפ"ק.

**יוסף נחמי'** בהגה"צ מו"ה **עקיבא** זצ"ל

אב"ד פק"ק יצ"ו.

---

## אינהאלט פון היינטיגען נומער:

# די גאליצישע ארטאדאקסיע

## I.

איבעראל אין דער וועלט ווערען היינט געמאכט די גרעסטע אנשטרענגונגען, אלע גרופען ארטאדאקסע יודען צו זאמענצונעמען און צוזאמענצוברענגען צו געמיינזאמער בשותפותדיגער ארבייט אויף פערשיעדענע געביעטען פון החזקת הדת ד. ה. באין אופן נישט אז די פערשיעדענע גרופען וואס האבען זיך זייער שיטה אוי בעזינדער'ע אופנים פון ארבייט און ערציהען דאס יונגע דור — אז אט די גרופען זאלען דארפען אויפהערען עגזיסטירען און זיך צוזאמענשמעלצען אין איין גרויסען שמעלץ-טאפ פון א פארבלאזער איינהייטס-ארטאדאקסיע.

ניין, דאס דאזיגע איז גאר נישט נייטיג און אפילו אויך נישט געוואונשען, ווארום פיעלפארביגקייט בעצם איז גארנישט קיין חסרון פארקערט, פיעלפארביגקייט ווייזט אויף א פרוכטבארען גייסטיגען יסוד, אויף א קוואל פון מים חיים וואס בעפרוכפערט די פערשיעדענסטע פירות.

אזוי זעהען מיר ביים חסידות בכלל. טראטץ דעם געמיינזאמען הויפט-יסוד, טראטץ די געמיינזאמע הויפטשטריכען, האט דאס חסידות אלס א שפרודעלדיגע, לעבעדיגע בעוועגונג — ארויסגעגעבען פון זיך פערשיעדענע אבצווייגונגען און פערשיעדענע שיטות און עבדות הבורא וועלכע זענען אבער אלע יונק פון איין מקור.

דער יודישער גארטען איז אלעמאל א גארטען פון פערשיעדענע פירות; יודען זענען געגליכען צו א וויינגארטען, צו אן עפעלבוים, וויעדער אמאל צו א ניסען בוים דאס אלץ זענען סימבאלען פון דער יודישער פיעלפארביגקייט.

אוגזער זיידע יעקב האט געהאט צוועלף זוהן די י"ב שבטים, זענען זיי נישט געוועזען מעור אחד. ניין, זיי זענען געוועזען די בולטסטע פיעל פארביגקייט, די תורה בערומט זיי גאר מיט זייער פערשיעדענהייט. נפתלי איז געגליכען צו אילה שלוחה, נפתלי ווערט גערימט מיט זריזות אין עבודת הבורא זריזות אין מצוות, דאגעגען שמעון ולוי זענען דער סימבאל פונם שפעטערדיגען יודישען קנאות. יהודא איז א לייב אין יודישקייט און תורה אין גיעט ארויס פירענדע פערזענליכקייטען נשיאים און ריש גלות'עס. לוי און ישכר זענען די פוסקים די מורי הוראה שבכל דור ודור (צורבא מרבנן דאורי או משבט לוי או משבט ישכר). זבולון איז דער יודישער גביר, דער נגיד, דער בעל צדקה וואס איז מחזיק די תורה, וואס האלט אויס און שפייזט די תלמידי חכמים, אזוי איז יעדער פון די שבטים א בעזונדערע רייפע פרוכט אינ'ם יודישען גארטען.

דאס איז אבער נאר אזוי לאנג ביז די פיעלקייט וואקסט נישט אויס צו א צערשפליטערונג צו א פירוד הכחות און פירוד הלבבות. די פיעלפארביגקייט איז נאר אזוילאנג א מעלה, וויילאנג מ'קען ביי געוויסע עקרים אוועקשטעלען אלע פירודים און זיך צוזאמענגעמען צו זיין געמיינזאמען בשותפות'דיגען כח.

די שבטים וואס זענען געוועזען אזוי פערשיעדען איינער פון דעם אנדערען האבען, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען עיקרים, ערקלערט כשם שאין בלבך אלא אחד כך אין בלבנו אלא אחד. אז ס'האנדעלט זיך וועגען עיקרים דארף נאר זיין איין איינציגע מיינונג, דארף נישט זיין קיין פלאץ פאר קיין שום פערשיעדענהייט פון מיינונגען פאר קיין חשדות, דארף נאר זיין איין איינציגע מיינונג צו ארבייטען צוזאמען צו רעטען דעם עיקר.

אזוי זעהען מיר האבען אין דער גאנצער וועלט פערשיעדענע גרופען פון ארט. יודען און פערשיעדענע חסידישע גרופירונגען געפינען אופנים פון צוזאמענארבייט ביי א געמיין רעליגיעזע ענינים, אט די צוזאמענארבייט פערפעסטיגט זיך כסדר מעהר צו דער צופריעדענהייט פון אלע רעליגיעזע גרופען, די צוזאמענארבייט ווערט וואס אמאל מעהר א קוואל פון ברכה פאר דע פערשטארקונג פון דער ארטאדאקסיע און פון יודישקייט, דארף מען דאך אויף דעם אללעם נישט ערשט ברענגען קיין ראיות, איז דאך שלו' און אחדות א „כלי מחזיק כל הברכות" כנוס לצדיקים הנאה להם והנאה לעולם.

ווי איז עס אבער ביי אונז אין גאליציען?

די גאליצישע ארטאדאקסיע איז צומייסטען צובר'עקעלט אין צוטיילט אין פערשיעדענע גרופען אין גרופקעלעך, וועלכע קענען זיך באין אופן נישט צוזאמענרעדען און קענען אפילו בנוגע די וויכטיגסטע ענינים נישט געפינען קיין געמיינזאמע בשותפות'דיגע פלאט-פארם, אפילו אין א צייט פון גרעסטער סכנה פארן עצם יודישקייט, וואס איז דאך ביי אלע גרופען ארטאדאקסע יודען גלייך הייליג און וואס יעדער דארף היטען כבבת עיני.

ס—ש.

# דער קאמף קיינען יודישען אלף בית.

דער יודישער פילאלאגישער קאננרעס אין סאוו. רוסלאנד האט בעשלאסען אבצושאפען דעם יודישען אלף בית.

(פון דער ציימונג'ס קראניק).

א פארטראג געהאלטען אויף דעם פילאלאגישען קאנגרעס אין מאסקווע.

ליעבע און קושערע כאווערים.

איהר זאלט נישט מיינען אז מיט דעם יורישען „אלף באיס" איז עס אזוי פשוט. אז דאס איז זיך סתם אזוי א מיטעל א באהעלף צושאפען ווערטער אין זאצען צו קענען ארויס זאגען מיינונגען פונקט ווי א געוועניכער א־בע־צע.

אויב איר מיינט אזוי האט מיר כמחילה גאר א וואזשנעם מעות, אויב איר מיינט אזוי זענט איר גאר א קנאפער מבין אויף די סודות אין כשוף קונציען פונ'ם יודישען קלער, פון די יודישע שווארצע „ראבאנים" וואס זייער גאנץ טראכטעניש איז נאר ווי אזוי מיט'ן כח פון אט די קליינע אותיות, חרוב צו מאכען אונזער גרויסע רעוואלוציע.

ווער ס'האט נאר א שטיקעל ידיעה אין די דרוכנע אויתיות דער ווייסט אז מיט'ן כח פון אט די אותיות איז בעשאפען געווארען די בורזשיאזע-קאפיטליסטישע וועלט. און מיט'ן כח פון די זעלביגע איתיות ווילען עס די יודישע קלעריקאלע ראבאנים" דערדריקען אין דערשטיקען דעם קאמוניזם און די גאנצע וועלט־רעוואלוציע!

איר גלייבט עס נישט?

וועל איך אייך ווייזען אלעם ישווארץ אויף ווייס.

אט נעמט למשל „באלשעוויזם" דאס ווארט וואס איז צומייסטען פערהייליגט ביי אלע פראלעטאריער פון דער גאנצער וועלט, דאס ווארט הייבט זיך אן מיט דעם אות ב'.

די ב' איז א סימן אויף בריאת העולם אויף דער וועלט־בעשאפונג, די וועלט איז געבויט פון דריי זייטען אין איין זייט איז ווייסט אקוראט ווי די „ב".

# שמועסען פון דער וואך.

## די בעדייטונג פון דער לעמבערגער קאנפערענץ.

די לאנדעס קאנפערענץ פון אגודת ישראל און פון ארט. פרנסים וואס איז פארגעקומען דעם פערגאנגענעם זונטאג אין לעמבערג האט בעוויזען אויפצייטיגען אויך עטוואס פאזיטיוועס. ס'איז געשאפען געווארען אן ארטאדאקסישער פרנסים פערבאנד צו בעוואכען אז די טעטיגקייט פון די קהלות זאל זיין אין הסכם מיט'ן רעליגיעזען כאראקטער וואס דאס געזעץ זיכערט פאר די קהלות.

אויב דער בעשלוס זאל רעאליזירט ווערען, וועט דאס זיין פון גרויסע בעדייטונג פאר דעם קאמף וועלכען די ארט. פירט איז און ארום די קהלות, פאר יעדען וואס אבסערווירט די טעטיגקייט פון די ארט. פרנסים אין די קהלות, איז עס קלאר אז דער גרויסער רוב פרנסים אונזערע, טראמען זייער בעסטען ווילען, פערשטעהן נישט ווי געהעריג אויסצונוצען זייער שטעלונג און האבען נישט די השפעה אויף דער טעטיגקייט פון די קהלות וועלכע קומט זיי לויט זייער צאהל. ביי אונז אין גאליציען איז פאראהן פיעל קהלות ווי א קליינע גרופע אסימילאנטען אדער לינקע האבען מעהר איינפלוס ווי די, אין צאהל פיעל שטארקערע חסידישע גרופען, עס טרעפט אפילו אז א קליינע גרופע נישט ארט. פיהרען אן מיט דער גאנצער קהלה-ארבייט און ווארפען צו א ביינדעל דער ארטאדאקסיע וואס איז בעצם א מאיאריטעט אדער די שטארקסטע גרופע אין דער קהלה. דאס איז חוץ אלעם א גרויסע חרפה פאר דער ארט. די סבות וואס זענען דער צו גורם וועלען מיר נאך בע"ה אויספירליך בעהאנדלען.

א שטיקעל עצה דערצו איז אבער זיכער אן ארט. פרנסים-פערבאנד, וועלכער וואלט געהענט אין דער הינזיכט פיעל פערבעסער'ן אין דער לעמבערגער קאנפ. האבען זיך בעטיילינט — אחוץ וויכטיגע פיהרער פון רעליג. יודענטום אין מזרח־גאליציען — אויך פיעל וויכטיגע פערזענליכקייטען פון ק. פוילען און פון אויסלאנד. איז דעריבער צו האפען, אז דער אויף דעד קאנפ. געשאפענער פרנסים-פערבאנד וועט זיך קענען פערשאפען דאס געהעריגע אנזעהען און ממילא די געהעריגע השפעה אויף די ארט, פרנסים.

דער פערבאנד איז לע"ע נאך מאנגעל-האפט ער איז געשאפען געווארען כמעט בלויז פון אגודיסטען. וועלען אנדערע ארט. פרנסים נישט אזוי שנעל זיך אים אונטער־ווארפען, ס'וועגדט זיך אבער פיעל אין דער ארבייט און ענערגיע פונ'ם פערבאנד. וועט ער בעווייזען צו לייסטען פאזיטיווע ארבייט און פערשטארקען די השפעה פון רעליגיעזען געדאנק אין די קהלות, וועט ער זיך דורכזעצען, וועלען אויך די אנדערע גרופען ארטאר. צוטרעטען צום פערבאנד. ערשט דאן וועט ער קענען לייסטען גאנצע ארבייט ערשט דאמאלסט וועט ער זיין א וויכטיגער אינסטרומענט אויך צום פערשטארקען דאס רעליג. יודענטום אין לאנד.

## פרישע אטאקעס אויף דער שחיטה.

די לעצטע צייט ווערען כסדר מערער די אטאקעס געגען דער יודישער שחיטה מצד די אנטיסעמיטען, אַט די אטאקעס ווערען וואס אמאל געפערליכער דערמיט וואס זיי ווערען געהילט אין א מענטעלע פון צער בעלי חיים און ווערען דיקטירט פונ'ם ווירטשאפטליכען אנטיסעמיטיזם, ווייל מיט'ן וועלען פארביעטען די שחיטה וויל מען ארויסנעמען דעם בהמות און פלייש האנדעל פון יודישע הענד.

די אנטי שחיטה אקציע האָט לעצטענס צו פערצייכנען פיעל ערפאלגען, אזוי איז אין נארוועגען פערבאָטען געווארען די שחיטה. געוויסע שטעדט און פראָווינצען אין דייטשלאנד האבען שוין געאסריט די שחיטה, אנדערע ווי טהירינגען האלטען גאנץ נאָהענט דערביי. אין ענגלאנד איז ביים צוזאַמענשטעלען דאס נייע שחיטה געזעץ קוים געלונגען אָפצוראטעווען די שחיטה אויך ביי אונז אין פוילען ווי למשל אין ווארשא ווערען כסדר איבערגעחזרט די פרואוווען צו אסר'ן אדער כאָטש צו בעשרענקען די שחיטה.

מיר יודען טהוען אבער ווי גאָר נישט געגען דער געפאַהר ס'איז לעצטענס אפילו ערשיענען א וויכטיג ווערק וועגען דער יודישער שחיטה פון ד"ר ליעבען פראג, וואו ער פערטיידיגט די שחיטה פון ריין וויסענשאַפטליכען שטאנדפונקט, ער וויזט אויף אז נאָכ'ן איבערשניידען די סמנים פערליערט די בהמה זאָפארט דאס בעוואוסטזיין. איז ממילא נישט פערהאנדען קיין צער בעל חיים. דאָס איז אבער גאר ווייניג, עס דארף געפיהרט ווערען א פלאנמעסיגע אקציע צו פערטיידיגען די שחיטה, אויב מיר ווילען נישט געשטעלט ווערען פאר טרויריגע פאקטען. ס'דארף צו דעם צוועק געשאפען ווערען א ספעציעל ביוראָ אדער אינסטיטוט וואס זאל אין ברייטען פערנעם אנפיהרען א פערצווייגטע געגען-אקציע געגען די אינטערנ. צער בעל חיים'ניקעס, אדער אפשר וואלט עס געוועזען א ענין פאר די אגודת הרבנים?

---

די ב' איז א סימן אויף א „בורא עולם" אויף א וועלט־באשאפער.

נאָמעהר אפילו די תורה פון די קאָנטער־רעוואָליציאנערען הייבט זיך אָן מיט דער „ב" דאס האבען זיי, די שווארצע רבנים באלד כתחלה אזוי אויסגעקלערט מיט דער „ב" צו „בעגראָבען" דעם באלשעוויזם.

אפילו אין די וועלט'ס־שפראכען האבען זיי דער תורה א נאָמען געגעבען „ביבעל" וואס הייבט זיך אָפּ מיט „ב".

אָדער נעמט למשל דאס גרויסע גליק פאר דער „מענשהייט" וואס רופט זיך „רעוואלוציע" וואס פאנגט אָן מיט דעם אות „רייש".

וואָס האבען זיי, וואס האט די שווארצע קליקע נישט געמאכט מיט אַט דער־פון דער רעוואלוציע געהייליגטער „ר".

ביי זיי איז די „ר" אַ סימבאָל פון „רשעות" שלעכטיגקייט. איר פערשטייט?

אונזערע אלע גרויסע רעוואָלוציאנערען, די גרויסע וועלט-בעגליקער זענען ביי זיי גרויסע „רעשואים" (רשעים) נו, איז עס צום איבערהאלטען?

אָדער נעמט למשל דאס פארשאלטענע ווארט „קאָנטער־רעוואלוציע" דאס שרעק ווארט פאר אלע „קושערע רעוואלוציא-נערען" וואס בעגינט מיט דעם שרעקליכען אות „קיעף" וועלכעס אַן ערליכער רעוואלוציאנער קען גאר נישט איבערן מויל ברענגען,

ווייסט איר וואס ביי זיי איז אַט די געפערליכע „ק"? די „ק" איז ביי זיי „קדוש" „הייליג" יאָ, די קאנטער־רעוואלוציע איז ביי זיי הייליג. צוויי מאל אַ טאג שפרינגען זיי קדוש פאר דער בורזשואזער קאפיטליסטישער קאנטר-רעוואלוציע.

מיינט איר אודאי אז איר זענט שוין פערטיג? ניין! האט איר במחילה וויעדער א גרויסען טעות.

ביי זיי איז פארהאן אַ סודות'דיג ווארט וואס רופט זיך

# וואס הערט זיך אין קראקא?

## „דאס ליכט"

דאס ערשיינען פונ'ם ערשטען נומער „דאס ליכט" האט ארויסגערופען אין שטאדט גרויס אינטערעסע און איז אויפגענומען געווארען מיט בעגייסטערונג. דאס איז צו זעהען פון די פיעל ווארימע בעגריסונגען וואס מיר דערהאלטען לכבוד דעם ערשיינען פון אונזער צייטונג.

מיר דאנקען אויף דעם וועג אלע סימפאטיקער פאר זייער ארויסווייזען זייער ווארימע בעציהונג צו אונז.

צוליעב פלאץ מאנגעל דרוקען מיר נישט די בעגריסונגען אין דעם נומער.

## די פראטעסט אקציע געגען קאלענדער רעפארם

אין צוזאמענהאנג מיט אונזער נאטיץ אין פאריגען נומער זענען מיר מודיע אז ס'איז ענדליך געשאפען געווארען ביי אונז אין שטאדט א קאמיטעט צום קאמף געגען קאלענדער רעפארם וועלכעס איז תיכף צוגעטרעטען אינם נסיון צו ארגאניזירען די פראטעסט־אקציע אין קראקא גופא. בעיקר דאס זאמלען די פראטעסט אינטערשריפטע ביי אונז אין שטאט.

דאס קאמיטעט האט אבגעהאלטען די ערשטע בעזאטונג זונטאג פארמיטאג אונטערן פארזיץ פון הרב צבי אייזענשטאדט ביי איהם אין וואוינונג, ס'איז פעסטגעשטעלט געווארען דער ארבייט'ס-פלאן אין אלע פרטים. ס'זענען איינגעטיילט געווארען רעסארטען. אויך איז בעשלאסען געווארען צו צוטרעטען צו א פאפולאריזירונג איןווארט און שריפט די סכנה פון קאלענדער-רעפארם ווי אויך די גרויסע בעדייטונג פון דער פראטעסט-אקציע.

זונטאג אווענד אויף א צווייטע בעראטונג אונטער'ן פארזיץ פון דאזאר ר' חיים פריילך פרעזעס פון דער רעליגיעזער סעקציע ביי דער קהלה, איז בעשלאסען געווארען צו צוציהען צו דער ארבייט אלע יודישע יוגענד־ארגאניזאציעס.

בכדי צו פאפולאריזירען די פראטעסט-אקציע איז ארגאניזירט געווארען אז שבת פ' בא יועלען פערשיעדענע ארט. דרשנים און רעדנער האלטען קורצע דרשות אין די שוהלען און בתי מדרשים וועגען דער בעדייטונג פון דער חתימות-אקציע.

---

מיטוואך איז פארגעקימען א זיצונג און וועלכער ס'האבען זיך בעטייליגט פערטרעטער פון פערשיעדענע ארגאניזאציעס. ס'איז צווישען אנדערען בעשלאסען געווארען צו שיקען א דעלעגאציע צו קהל, אז די קהלה זאל דעם קאמיטע צו פערפיגונג שטעלען א לאקאל אויף ארבייט.

## ארום דעם ארעסט פון ר' משה דייטשער.

ס'האט אין אלע קרייזע פון שטאדט און אין דער גאנצער יודישער וועלט ארויסגערופען א גרויס אויפזעהען דער ארעסט פון ר' משה דייטשער. א מענש וואס האט אונטער זיך א 30 יעהריגע ענערגישע כלל טעטיגקייט כמעט אויף אלע געביטען פון יודישער געזעלשאפט און כלל ארבייט. א בערהיפט איז א מפעריט נדבן דאס בעשולדיגען א שטענג רעליגיעזיק קאנסערוואטיווען עסקן און שייכות מיט קאמוניזם. ס'איז צו האפען, אז די זאך וועט בקרוב אויפגעקלערט ווערען.

ווי מיר ווערען אינפארמירט וועט די זאך באלד אויפגעקלערט ווערען און ס'איז צו ערווארטען אין די נעכסטע שעהן די בעפרייאונג פון ר' משה דייטשער.

---

„טאשרק" דאס וואס איז צוזאמענגעשטעלט פון די פיער לעצטע אותיות פון זייער קאפיטאליסטישען „אלעף באס" וואס לעזט זיך צוריק פון הינטען אויף תשרק, דאס ווילען זיי די יודישע „קליי קאדעש (כלי קדש) אז מיטן כח פון דעם תשר"ק זאל דער ארימער יודישער ארבייטער אלע מאל קוקען אויף אין הינטער אריין, פערגעסען אין זיין נויט און נישט קענען מאכען די גרייסע וועלט־רעוואלוציע. מיט'ן תשר"ק וואס לעזט זיך צוריק ווילען זיי די שווארצע „ראבאנים" צוריק דרייען דעם פאטשיט פון דער וועלט, מיט'ן תשר"ק ווילען זיי די „קאנטער רעוואלוציאנערען" צוריק דרייען די הייליגע רוסישע רעוואליציע און זי פארניכטען יא! מיט דעם כישוף פון די שרעקליכע פיער אותיות ת. ש. ר. ק. ווילען זיי דערשטיקען און פערניכטען אלע קאמוניסטישע רעוואלוציעס פון היינט ביז אייביג.

איר ווייסט וואו תשר"ק מאכט.

אוי! איך חליש!

ת—ש—ר—ק— מאכט ...

תמחה שם רעוואלוציע קאמוניסטית, ס'זאל אויסגעמעקט ווערען דער נאמען פון דער קאמוניסטישער רעוואלוציע ר. ד. אז איר נאמען זאל שוין קיינמאל אין דער וועלט-געשיכטע נישט נעדאכט ווערען.

אויב ליעבע כאווירים, איר האט נאך נישט געוואוסט דעם סוד פאר וואס די וועלט־רעוואלוציע ליעגט נעבך אין דער הינטער־פלעט ווייסט איר עס אצט. א ראנק מיינע טייערע און שווערע ווייסענשאפטליכע פאלעטארישע פארשונגען.

ווייסט איר וואס נאך? זייער תורה אין זייערע כשוף־אותיות זענען געשריעבען „אש שחורה על גבי אש לבנה" ד. ה. שווארץ-פייער אויף ווייס פייער.

דער יודישער קלער, דער גרעסטער שונא פון דער רעוואלוציע וויל מיט'ן כח פון זייער שרעקליכען „אלעף באים" דערשטיקען די רעוואלוציע אינם פייער פון די ווייסע גווארדייצעס. און אינם פייער פון די שווארצע פאשיסטען.

איבער דעם אויב איר ווילט נאך רעטען די הייליגע רעוואלוציע פון אינטער אונ שרייט אלע, א טויט דעם יודישען „אלעף באים" דעם גרעסטען סאינע (שונא) פון דער רעוואלוציע (אלע שרייען, א טויט, א טויט)

ניעדער מיט דעם קאנטער רעוואלוציאנערען תשר"ק (אלע אין גרויס שרעק און אויפרעגונג א טיט, ניעדער, ניעדער).

אונטערגעהערט אין
איבערגעבען צום דרוק

דורך שרף.

## יאהרצייט פון ד"ר יהודא פייפער.

מאנטאג ר"ח שבט איז געוועזען די יאהרצייט פון ד"ר יהודה פייפער ז"ל וועלכער האט אין קראקא און אויף דער פראווינץ זעהר פיעל געלייסטעט פאר דער שאפונג פון חברות מחזיקי לימוד וואס איז דעמאלסט געוועזען דער איינציגער וועג א יף צו דער־האלטען דעם יודישען ארבייטער, ער זאל נישט אבשוועקען אין די לינקע לאגערן. די מחזיקי לימוד אין קראקא האט צו זיין יאהרצייט געמאכט א סעודה פאר די חברים וואו עס זענען אויך ארומגעשמיעסט געווארען די לייסטונגען און די מסירת־נפש'דיגע ארבייט פונ'ם נפטר פאר דער חברה.

## סיום הש"ס פייערונג אין פאדגורזע.

א דאנק דער איניציאטיוו פון ועד חלוקת הש"ס אין צוקערס ביהמ"ד אין פאדגורזע, איז געלינגען דורכצופיהרען דעם זונטאג פ' בא איין אימפאזאנטע סיום־הש"ס פייערונג אין דעם דארטיגען ביהמ"ד מיט'ן אנטייל פון א גרויסען עולם אויך דער רב שליט"א, און אנדערע נכבדי העיר. נאכ'ן סיום איז פארגעקומען א גרויסע סעודה. גש"ם

## א העזה פון א מיסיאנער.

אין קראקא גראסירט די לעצטע צייט א מיסיאנער וואס טיילט בראשירען און נארט אויס געלד אפילו אין חסידישע שטיבען, אזוי איז ער לעצטענס אויך געוועזען ביי דוד האלבער־שטאם אין וואוינונג און אויסגענארט א קליינע סומע. די חוצפה פון דעם מיסיאנער דערגרייכט אזוי ווייט, אז ער קומט אויך אין חסידים שטיבלעך און פערפיהרט שמועסען מיט יונגע ישיבה בחורים. אין א חסידים שטיבעל איז ער אין מיטען אזא שמועס צו־געגאנגען צום ארון הקדש, געעפענט און געוואלט ארויסנעהמען א ספר תורה אויף נאכצוקיקען א פסוק. ערשט דאמאלס האט מען איהם דערקענט און געוואלט מקיים פסק זיין. ער האט אבער בעצייטענס זיך אבגעטראגען.

## לעזט און אבאנירט „דאס ליכט"

## וואד קאלענדער

מיט היסטארישע דאטען און יאהרצייטען.

**פרייטאג ו' בא ה' שבט.**

יאהרצייט פון גערער רבין ר' יהודא ליב אלתר בעל שפת אמת.

קעניג קארל דער 2־טער בעט יודען צוריק צו קומען קיין סיציליען און נאפעל.

**שבת ו' שבט**

נפטר געווארען דער מקובל ר' חיים צאנזער פון בראדי.

פערברענט געווארען עקה"ש אין מעץ הקדוש ר' רפאל לוי.

**זונטאג ז' שבט.**

נפטר געווארען הג' ר' איטשע עטינגער לעמבערגער רב תרנ"א

הצ' ר' דוד'על לעלעווער תלמיד פון ר' אלימלך און פון לובלינער חוזה,

בעפעל פון מאריא טערעזיא ארויס צו טרייבען 20 טויזענד יודען פון פראג.

אומגעקומען אין קראקא עקה"ש הקדוש ר' צבי הירש הכהן 17 יאהר אלט ח' תמ"ו

**מאנטאג ח' שבט.**

תענית מיתת צדיקים הזקנים שאחרי יהושע.

דער רמב"ם פערענדיגט זיין „אגרת תימן".

**דיענסטאג ט' שבט**

ר' משה קאפסילי איז געווארען דער 1־טער חכם באשי אין טערקיי.

**מיטוואך י' שבט.**

נפטר געווארען הג' ר' מאיר קאצינעלנבויגען מהר"ם פאדווא

הג' נתן דער זוהן פון חכם צבי תקל"ח.

המקובל ר' שלום שרעבי אין ירושלים תקס"ז.

דער סקאלער מגיד ר' שלמה לוצקער תלמיד פון ר' ר' בער און רבי פון בעלזער רבין ר' שלום,

הג' ר' ישראל ניימאן קראקאווער ראש בי"ד סח, פון ס מחנה ישראל.

**דאנערשטאג י"א שבט.**

נפטר געווארען הג' יהודא ליב בעל קרבן העדה תקס"ו.

די אינקוויזיציע אין סאבילוע פערברענט פיעל אניסים ה' רמ"ה.

תענית און סליחות אין לוידא און בישאפהיים.

ש. הלוי

## היינט די יאהרצייט פון „שפת אמת" זצ"ל ה' שבט.

דער „שפת אמת" ר' יהודא ליב זצ"ל, דער צווייטער גערער רבי איז געוועזען איינער פון די בעדייטענסטע רבי'שע פערזענ־ליכקייטען פונ'ם פריערדיגען דור, וועגען וועלכען ס'איז אבער אין דער פערצווייגטער חסידות־ליטעראטור כמעט נאך גאר נישט געשריעבען געווארען. דער "שפת אמת" איז געוועזען אזוי צו זאגען דער גרינדער פון גערער חסידות, וואס איז זיך אונטער זיין גייסטיגער אנפיהרונג צו צוואקסען און איז געווארען דער שטארקסטער כח אינ'ם פוילישען יודענטום

ס'איז ממש צו בעוואונדערן ווי אזוי אזא יונגער מענש — דער „שפת אמת" האט אנגעהויבען צו פיהרען אלס יונגער מאן פון 22 יאהר — האט בעוויזען צו ציהען צו זיך אזוי פיעל צעהנער טויזענדער חסידים אין דער צייט ווען אין פוילען איז נאך דאמאלס געוועזען בחיים א סך אלטע גוטע יודען מיט אלטע איינגעפינדעוועט טראדיציעס. ער האט צוגעצויגען נישט בלויז יונגע לייט (וואס האבען אפט ליעב צו זוכען נייע דרכים) אין עבודת נור אויך אלטע חסידים מפורסמים תלמידים פון גרויסע פארצייטיגע רבי'ס.

אזא כח המושך האבען אין דער גאנצער צייט פונ'ם חסידות פונ'ם בעש"ט אן, נור בעזעסען איינצעלנע רבי'ס איינצעלנע גבורי הרוח. דער פאטער פון „שפת אמת" ר' אברהם מרדכי זצ"ל איז געוועזען א זוהן פונ'ם ערשטען גערער רבין דעם „חידושי הרי"ם" זצ"ל.

ווען דער „חידושי הרי"ם" איז נסתלק געווארען, איז דער „שפת אמת" אלט געוועזען סך הכל 18 יאהר, איז ער געווארען רב אין גער. די חסידים פון הרי"ם זענען געפאהרען צום אלעק־סאנדער רבין ר' העניך. ס'איז דעמאלס קיינעם נישט איינגעפא־לען אז דער יונגערמאנטשיק וועט אין קורצען ווערען דער רבי און מדריך פונ'ס גרעסטען עולם חסידים אין פוילען.

אין 4 יאהר שפעטער, נאכ'ן הסתלקות פון ר' העניך אלעק־סאנדער זצ"ל — אלט זייענדיג אין גאנצען 22 יאהר, האט דער „שפת אמת" איבערגענימען אלע אלטע חסידים פון פרשיסחא, קאצק. עס זענען צו געקימען גרויסע מאסען חסידים יונגע לייט

# קורצע ידיעות פון דער וואך.

— דער מזרחי פירער ה' מאיר בערלין איז ארויסגעטרעטען פון דער ציוניסטישער ענזעקוטיווע.

— פרעזידענט היבער האט געשיקט א בעגריסונג-דעפעשע צו פ. ווארבורג צו זיין 60 טען געבורטסטאג.

— די יוגעסלאווישע רעגירונג האט געשלאסען אן הלואה 35 מליאן דאלאר ביי דער יודישער וואַרבורג-באנק.

— אראבישע נאטאכעלען קראנען אין געריכט דעם מוזעלמעני-שען ראט אין א"י פאר פערשווענדען געזאמעלטען וואקף געלדער.

— דער רומענישער קעניג האט איינגעפאדערט דעם אינערן מ. אנצונעמען גערכטליכע שריט נעגען די אנטיסעמיטישע טעראָסטען

— די מעקסיקאנישע האנדעלס-קאמערן האבען ארויסגעגעבען אן ערקלערונג אין וועלכער ס'ווערען שטארק געלויבט די פער-דיענסטען פון יודען פאר'ן לאנד.

— צוליעב געלד מאנגעל וועט אויפהערען דאס ערשיינען „העולם".

— אין רומעניען זענען ענדליך ארעסטירט געווארען פערשיעדענע אנטיסעמיטישע רעדעל-פהרער.

— דיקטאטאר סטאלין האט אבגעגעבען א זעהר שארפע ער-קלערונג נעגען אנטיסעמיטיזם אין סאוו. רוסלאנד.

— אראבישע צייטונגען לויבען שטארק די פערדיענסטען פון פערשטארבענעם נאטאן שטרויס פאר'ן געזונדהייטסוועזען אין ארץ ישראל.

— אין דער לווי' פון לענינגרדער רב האצענעלבויגען האבען זיך בעטייליגט 20.000 מענשען אלס אויסנאם האט די רעגירונג ערלויבט מאכען א הספד.

— די אנטיסעמיטישע „אייזערנע גווארדיע האט בעקומען רע-גירונגס-געלדער אין געהיים. ס'איז וועגען דעם געמאכט געווארען פערשיעדענע ארעסטען.

— אויך אין אלזשיר אפריקא האט זיך אנגעהויבען א שרעקליכע יודענפרעסערישע העצע.

— ארץ ישראל בעקומט א פערשארפטען שטראף-קאדעקס, ס,וועט טיילווייז פערבאטען ווערען פאליגאמיע.

# אז אגודה־קאנפערענץ איז לעמבערג.

אין לעמבערג איז זונטאג פארגעקומען א גרויסע אגודה ארט. פרנסים-קאנפערענץ ס'האבען זיך בעטייליגט איבער 300 דעל, צווישען זיי 35 וויכטיגע רבנים. ס'איז נעווען מסלתה ומשמנה פון ארט. יודענטום אין מזרח גאליציען, ס'זענען געהאלטען געווארען רעפ. וועגען חינוך, וועגען קאלענדער-רעפארם — הרב דר. לעווענשטען צוריק -- און וועגען דער עקאנאמישער לאגע פון יודען און וועגען ארגאניזאציע, די קאנפערענץ האט א ריינ־געברענגט א רוח חיים אין דער אגודה־בעוועגונג און ביי דער ארטאדאקסיע. בכלל די קאנפערענץ איז געווען זעהר א גע־לונגענע און איז ווארים אויפגענומען געווארען פון אלע ארט-קרייזען.

ס'האט אויך רעפערירט ר' אשר שפירא פון קראקא וועגען דער זאמעל־אקצע צום פערענדיגען דעם בנין פאר'ן בית יעקב־סעמינאר.

ישיבות אין דער סלאוואקיי. לויט די לעצטע סטאטיסטיק איז אין דער סלאוואקיי פארהאן 36 ישיבות מיט 2200 בחורים וואס ווערען אויסגעהאלטען מיט אלע הצטרכות'ען, די פרעסבורגער אין טירנאער ישיבות האבען צו 200 בחורים.

נעכטען דאנערשטאג האט הרב דר. לעווענשטיין גערעדט אין ווארשא אין קהל־זאל א רעפעראט וועגען קאלענדער-רעפארם און וועגען דער בעדייטונג פון דער רתימות פראטעסט־אקציע.

די אָרט. דעפוט. הרב לעווין, ליבעל מינצבערג און סענ. מענדעלזאָהן האבען געהאט א לענגערע קאנפערענץ ביים ביל־דונגסמיניסטער טשערווינסקי וועגען א רייהע וויכטיגע רעליגיעזע ענינים. דער מ.נ. האט פערשפראכען די פאסטולאטען פון רעלי-גיעזען יודענטום פאזיטיוו צו ערלעדיגען.

ברכת גדא טבא לכבוד ידידי עז האברך התורני הח' המושלם
כמר יוסף האלפערן נ"י מאמסטרדם
לרגלי נשואיו בגעיצעד אנגלי' מאת
צבי הירשהורן
אבד"ק יאווארזנא.

אין א גאר גרויסער צאהל, וועלכע ער האט מדריך געווען על ברכי התורה והיראה.

די הויפט שיטה פונ'ם „שפת אמת" אין חסידות איז געווען תורה און גמילת חסדים. גרויסע גייסטער האבען שוין דעמאלט דערשפירט סמנים פון ירידה אינ'ם חסידות. ס'איז שוואכער גע-ווארען דער ברען, דער כמות און איכות פון דער התלהבות דקדושה, ס'האבען דעמאלס שוין אויך אנגעהויבען בלאזען אין דער יודישער גאס אנדערע ווינטען. האט ער דערום קאנצענטרירט זיין הויפט ארבייט אויף לערנען תורה, מיט דעם דעוויז תורה מגינא ומצלי.

ער האט נישט בלויז געדיענט אלס משל ביי זיינע חסידים מיט זיין אויסער געוועגליכער התמדה אין לערנען, נור ער האט אויך ממש געפיהרט און משפיע געווען דעם גרויסען עולם חסידים צו דערהאלטען ביים אינטענסיווען לערנען.

חוץ זיין גדלות אין רבי'סטווע און אין הנהגה (הדרכה) איז ער אויך געווען א גדול בתורה, וואס עס איז צו זעהן פון ספר „שפת אמת", חידושים אויף קדשים און מועד צוויי חלקים וואס זענען די לעצטע צייט ארויס פון דרוק. עס איז נאך

דא בכתב חידושים אויף גאנץ ש"ס און ש"ע. די תורות וואס ער פלעגט זאגען ביים טיש און וועלכע צייכנען זיך אוים מיט א בעזונדער עמקות זענען געדרוקט אין „שפת אמת" על התורה, חוץ דעם זענען נאך פערהאן לקוטים פון צופעליגע מאמרים און שמועסען.

ער איז נסתלק געווארען שבט תרס"ה איבערלאזענדיג א גאנץ דור פון צעהנער טויזענדער חסידים וואס ער האט ער־צויגען און משפיע געווען — מרוחו עליהם — במשך פון עטליכע און דרייסיג יאהר צייט.

ס'זענען פערבליעבען קינדער, דער היינטיגער גערער רבי שליט"א הרה"ק ר' משה בצלאל וואס וואוינט אין גער, ר' נחמי'לע, דער פאביאניצער רב ווי אויך צוויי איידעמ'ס הג' ר' יעקב מאיר ביעדערמאן פיהרער פון מועצת גדולי התורה און דער בענדינער רב שליט"א.

מגדולי תלמודיו זענען הח' ר' הירש טאמאשאווער הרה"ק ר' פנחס אליי רוטענבערג פילצער רב, דער פאריסאווער רבי ר' אברהמילע, פילצער רבי ר' מענדעלי הח' ר' הערש פארצאווער, דער בראקער רב ר' בן-ציון אסטראווער, דער אפאטשנער רב א. א.

נאכדרוק פארבאטען.

# אסתר המלכה

היסטארישע ערצעהלונג. געשריבען ספעציעל פאר „דאס ליכט". פון עתניאל

צווייטע פארטזעצונג

ס'איז דאמאלס געוועזען א גרויסע סכנה פאר יעדען אזא ווייטע און לאנגע רייזע פונ'ם ריין ביז צו דער ווייסעל. איבערהויפט איז די סכנה געוועזען גרויס פאר יודישע וואנדערער אויף וועלכע ס'האבען געלויערט די גרויזאמע רויבער באנדען. ביי אזא איבערפאל פלעגען די יודישע שיירות מייסטענס נישט לייסטען קיין ווידערשטאנד ווייל זיי זענען קענען די באנדען געוועזען צו שוואך בעוואפענט זיי פלעגען דארים ביים ערשטען אנבליק פון די רויבער, אנטלויפען און זיך אויסצובעהאלטען אין די וועלדער ביז די הייליגע רויבער-באנדען זענען אוועק.

נישט לאנג האבען געדויערט די פאַרבערייטונגען צו דער לאנגער און געפערליכער רייזע, נישט פיעל האבען זיי געהאט צו פערזאָרגען בעפאָר זייער אַבריוזע. דארויף האבען שוין געזארגט די בעסטיאלישע רויבער באנדען. וואס צו פערקויפען אדער מיטצונעמען איז נישט געוועזען. די רויבער האבען אלעס צוגערויבט אדער פערניכטעט. זיי האבען זיך בלויז פארזעהען מיט דעם נויטיגסטען פון עסענוואַרג און א ביסעל געוועהר.

די נאכט פאר'ן אָבפאָהרען זענען זיך אלע עמיגראנטען צונויף געקומען אין שוהל אריין נאך האלבע נאכט תהלים-זאגען. בעטען ביים באַשעפער, וואס היט תמיד זיינע קינדער און רעטעט זיי פון יעדער צרה — ער זאל אויך יעצט רחמנות האבען אויף אט דעם קיבוץ, זיי אָפּהיטען פון אלע בייזע באגעגנישען וואס זענען אזויפיעל אויף דעם געפערליכען וועג און זיי אַלע צו זאמען בקרוב ברענגען צו זייער ציעל, אינ'ם לאנד פון פרייהייט וואו יודען זענען געאכטעט פאר זייערע גרויסע פעהיגקייטען.

א גאנצע נאכט ביז צום בעגינען האבען זיי אזוי מתפלל געוועזען און הייסע זידיגע טרערען האבען זיך געגאסען ווי וואסער. נאך דעם דאווענען האט מען געזאגט אינאיינעם תפלת הדרך. דער רב האלט נאך א קורצע דרשה, ער איז מעורר צו האבען בטחון אין ג־ט וועלכער איז אין יעדער צרה מיט די יודען, זיי צו רעטען פון דער גויים. בעזונדערס ריהרענד איז, ווען דער רב געזעגענט זיך מיט זיין עדה, די גאנצע שטאדט וועלכע איז פערזאמעלט אין שוהל ברעכט אויס אין א הארצרייסענד געוויין וועלכעס פערשטאַרקט זיך נאך ווען באלד נאך דער דרשה לאזט זיך דער עולם אין וועג אריין. די פיהרען זענען שוין געלאדען פון נעכטען פארנאכט, די גאנצע עדה בעגלייט די עמיגראנטען ביז הינטער די שטאדט. ענדליך פאדערט זיי אויף דער רב צוריק א היים צו געהען. מ'כאפט זיך ארום מ'האלזט זיך מ'קושט זיך, די קולות און יללות איבערהויפט פון די פרויען און קינדער זענען נישט צום בעשרייבען. ס'געזעגנען זיך אלטע גוטע פריינד אויף זיך אפשר קיינמאל נישט מעהר ווידער צו זעהען.

מיט פרישען מוט און פעסטען בטחון הייבען זיי אן זייער לאנגען מארש בעגלייט מיט די הארציגסטע ברכות פון די איבערגעבליבענע וועלכע קלינגען נאך ווייט ווייט אינם ברייטען הלל...

השי"ת האט ווייזט אוים דאס געבעט פון די הימלאזע צוגעהערט; זיי האבען דעם גאנצען וועג פונ'ם ריין ביז דער פויילישער גרעניץ א דורכגעמאכט בשלום, זיי האבען געמיינט אז אָט אָט זענען זיי שוין בשלום אין דער נייער היים אין קראקא. פלוצים זענען זיי האלט ביי דער גרעניץ בעפאלען געווארען דורך איינע פון די געפערליכע דייטשע רויבער־באנדעס. אין גרויס שרעק זענען זיי זיך צו אפען אין די געדיכטע אור־וועלדער וואס האבען דאמאלסט בעדעקט גאנצע געגענדען פון דער פוילישער טעריטאריע.

דער רב האט פעסט געהאלטען ביי זיך זיין נאך יונגע אבער זעהר קליינע אין בעחנטע טאכטער אסתר, זיין איינציגע טייערסט. און אז זיי זענען נאך לאנגע בלאנדזענישען ארויס געקומען אויפ'ן וועג האבען זיי מעהר קיינעם פון זייערע בעגלייטער נישט געפונען. איינזאם און מיעד האבען זיי געוואנדערט ביז זיי האבען דער העירט דעם „פה—לין" וואס זיי האבען ווי אלע וואנדערער פון יענער צייט אויסגעטייטשט אויף „דאָ זאלט איר נעכטיגען". דאָ וועט איר האבען מנוחה.

זיי האבען זיך שוין געפינען אויף דער פויילישער טעריטאריע.

גענעכטיגט אין א יודישער קרעטשמע האבען זיי גאנץ פרי זיך געלאזט אין וועג אריין, א טאג מאריש וועג פון זייער ציעל; דאס יודישע קראקא, ווי עס פלעגען אהין קומען זעהר אפט (דעלעגאציעס) שלוחים פון אלע עקען פוילען ספעציעל פון די נייע ישובים וועגען רבנים און אנדערע כלי קדש פאר זייערע שטעדטלעך. אפשר וועט אים אויך געלונגען זיך צו צושלאגען צו עפעס א רבנות אָדער אַן אַנדערע פאַסענדע שטעלע. ביז ער וועט אזא שטעלע בעקומען וועט מען אים, אזא תלמיד חכם וואו ער, זיכער נישט לאזען פערהונגערן. קראקא, האט שוין דאמאלסט געהאט פון 50 יאהר צוריק א געאָרדנעטע קהלה וואס האט צווישען אלע עניני הצבור אויך געזארגט מיט א ברייטער האנד פאר די נייאנגעקומענע יודען.

און אַז איך וועל נאך די זכיה האבען דארט אין קראקא צוגעפונען מיין אלישא דעם ליעבען אין געטרייען חתן אסתר'ס — האט זיך ר' יהושע געטראכט אין טרערען האבען געפלאסען אויף זיינע באקען — אָ ווי גליקליך וואלט איך זיך געפילט.

אלישא האט א יאהר פריער באלד נאך דער פערלאבונג מיט אסתר'ן געמוזט אנטלויפען פון דייטשלאנד, אויסגעוואנדערט קיין פוילען מיט דער כוונה זיך בעזעצען אין קראקא. זייט דאן האט מען פון אים נישט געהערט.

וואס ווינסט דו טאטעשי — רופט זיך אָפּ אסתר צו איר פאטער — השי"ת האט אונז ביז איצט געהאלפען וועט ער אונז ווייטער העלפען.

אזוי זאגענדיג, האט אבער איר הארץ אויך זעהר געשראקען פאר די געפאהרען וואס שטעהען זיי נאך אין וועג ביז צום ציעל. האט דאך דער יוד, ביי וועלכען זיי האבען גענעכטיגט אין ריהרענדע ווערטער געשילדערט די געפאהרען פון חיות רעות וואס געפינען זיך אין א גרויסער צאהל אין די געדיכטע פויילישע וועלדער אבער נאך שרעקליכער ווי אלץ האט אויף זיי געווירקט די סכנה אריינצופאלען אין די הענד דעם גרויזאמען טיראן, דעם בלוטיגען יאַן.

(פארטזעצונג קומט)

צוליעב דעם גרויסען אינטערעסע וואס עס רופט ארויס דער קאמף ארום דער פראגע

# פון אנשליעסען די פאדגורזער קהלה צו קראקא

און בכדי צו געבען די לעזער די מעגליכקייט ארויסצוזאגען זייער מיינונג בנוגע דער פראגע, עפענען מיר א

# אַנקעטע

צווישען די לעזער וועגען אָט דעם וויכטיגען ענין.

די לעזער האבען צו ענטפערן אויף פאָלגענדע שאלות:

1) צו איז געוואונשען אן איינהייטליכע קהלה פון קראקא מיט פאָדגורזו?

2) וואָס פאר אַ פאָרטיילען איז צו ערווארטען דערפון פאר די קראקאווער אָדער פאָדגורזער יודען?

3) וואָס פאר א שאטען-זייטען קען האבען א עווענטועלער אַנשלוס?

4) א פרינציפיעלע שאלה: צי איז פון יודישקייט'ס שטאנדפונקט געוואונשען גרעסערע צי קלענערע קהלות?

אויף די שאלות האבען די לעזער קורץ צו ענטפערן מיט קורצע מאָטיווירונגען. די תשובות וועלען געדריקט ווערען לויט'ן סדר פון אנקומען אין דער רעד.

די רעדאקציע „דאס ליכט“.

---

**מיכאל מאנדעלבוים**
בן הנגיד הח' ר' אליי מאנדעלבוים
יאווארזנא

**קריינדל וועקסלער**
בת הנגיד הח' ר' העשע וועקסלער
קראקא

מאורשים

---

לכבוד אבינו היקר התורני והחסיד מ"ה **אליי** נ"י **מאנדעלבוים**, מז"ט מעומק לבנו לרגלי אירוסת בנו **מיכאל** יזכה לחוג את פריונו ברוב פאר והדר.

בניו וחתניו.

---

ברכת גדא טבא לכבוד ידידנו החסיד הנכבד מו"ה **אליי מאנדעלבוים** נ"י לרגלי ארושת בנו, יראה ממנו ומכל צאצאיו רב נחת.

יאווארזנא. קלויז חסידי הושיאטין.

---

ברכת מז"ט חמה למשפחת **מאנדעלבוים**.

יעקב מעטה.

---

ברכת גדא טבא לכבוד חברנו הנכבד יו"ר אגודתנו הב' המופלג בתו"י **מיכאל מאנדעלבוים** לארישו.
יהא צעדו זה מבורך.

יאווארזנא. צעירי אגודת ישראל.

---

גם אנו בין המברכים

האחים פוזנער.

---

מז"ט לך אחי יקירי **מיכאל** לרגלי ארוסתך את ב"ג.
תהי צעדך זה מאושר ומבורך.

קראקא. אחיך נחמי' מאנדעלבוים.

---

מעומק לבי הרינו מברך את ש"ב החי הנחמד **מיכאל** לרגלי ארושתו. תהי דרכו החדשה בחיים צלחה.

פאָדגורזע. ש"ב אליי מאנדעלבוים.

---

לארישת ידידי הכ' המופלג **מיכאל מאנדעלבוים** בברכת מז"ט חמה מברך

קראָקא. שמיאל וויינבערגער.

---



---

כוס של תנחומים אנו מגישים לחברנו החביב הב' **שמחה שלינגנבוים** נ"י במות עליו אמו ע"ה. — המקום ינחם אותו בתוך שאר אבילי ציון וירושלים.

קראקא. צבי אריי ציננמן
שמחה כ"ץ הנדל'ר

---



---


פאר'ן אינהאלט פון די אנאנסען א בערהויפּט בנוגע כשרות איז די אדמ. נישט פעראנטווארט'יך.

אבאנאמענט'ס פרייז: א חדש 80 גר. א קווארטאל 2·40, א יאהר 9 זל. אויסלאנד א יאהר אנדערטהאלב דאלאר.

מאנוסקריפטען ווע־ען נישט צוריקגעשיקט. ביי אנפראגע אויף תשובה דורך דער פאסט דארף בייגעלעגט ווערען מארקען אויף תשובה

אנאנסען פרייז: פאר א מילימעטער שורה אויף דער לעצטער זייט 30 אין טעקסט און אויף דער ערשטער זייט 50 גר. דער עמוד געטיילט אין 4 שפאלטען גראט־לאציעס א פעטיט-שורה 50 גר. די קלענסטע 2 זל

Wydawca: Za wydawnictwo „Jawne“ i red. odp. W L. Urbach. — Drukarnia M. Lenkowicza, Kraków, Meiselsa 4.